# ברכה קודלי

# מדבר און מאראַנצן



# איך דאַנק דיר גאָט

איך דאַנק דיר גאָט
פאַר דעם זכות,
וואָס דו האָסט אין מיין וועזן חלומות איינגעקריצט
שטראַליקע געטרייע,
וואָס מיין ווילן האָסטו געשטאַרקט מיט פליכט —
זיי צו באַהיטן און באַשיצן,
וואָס דו האָסט אין מיין זינען
אַזאַ עקשנות פאַרשפּינט,
אַז ווי שטאַרק די וואָר זאָל זיין אויסן
דעם חלום צו פאַרשטויסן —
בלייבט ער נאָך מער ווי ער איז.

פאַר מיין דינעם געהער,
וואָס פאַרנעמט דעם ווידערשפּרוך פון אייגענע באַגערן,
וואָס פאַרגייט אין פרייד
צו דער שפּראַך פון צאַרטן פלייט.

איך דאַנק דיר גאָט
פאַר דער שפע פון צער וואָס איך פאַרמאָג צו זעט,
פאַר דעם וואָרט, וואָס איך קען אַרויסשעפּטשען צו דיר אין געבעט,
פאַר דער טרייסט וואָס אין מיין ליידן גליט,
פאַר די ווייטקייטן וואָס ווערן נאָענט אין מיינע טריט,
פאַר דער דערהויבונג וואָס איך דערשפּיר אין געוועב פון מיין שגעון
אין פרידלעכע שעהן,
פאַר דער לויטערקייט צו שפּירן דיין גענאָד —
פאַר אַלץ דאַנק איך דיר גאָט.

## מדבר

דאָרט —
אין דער מדבר,
וואו די פעלזן האָבן געזונגען
מיט שאַרלאַך רויטע שפּיצן,
וואו ס'האָט געפּלאַטערט אַ מילדער ווינט
אויף הייסן שטיין,
וואו זון פאַרגאַנג
האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט
אין אַ ליד פון קאָלירן,
אויפגעבונדן בטחון
און פאַרבונדן די נאָענטקייט מיט דער ווייט —
האָט זיך דערשפּירט אַ זיכערקייט,
אַז עמיץ באַוואַכט . . .

די טרוקנקייט פון באָדן
איז געווען אויסגעמישט מיט צוזאָג,
דער בלויער פעלז מיט זילבערנעם פליגל פון שניי
איז געוואָרן וואונדער
און באַזונדערס
האָט אַרויסגעשיינט די שיינקייט
וואָס דער פעלז פאַרמאָגט,
ווען ער איז אין זון פאַרטרונקען,
די זאַמדיקע וואַלן
האָבן זייער פאַרשוויגנקייט אַרויסגעזונגען,
איבער אַלץ אַרום
האָט אַ ליכטיקייט זיך געשפּינט
און מיין טרער מיין נע-ונד באַזינגט.

דער שטעכיקער דאָרן,
וואָס האָט זיך פון אַלע פלאַנצן דערווייטערט —
דאָרט אין מדבר געלייטער —
האָט אין מיר מיין שטאם דערקענט,
האָט מיט קראַפט פון לייד,
מיט מיטגעפיל געברענט —
צו דער ביטערקייט פון אַ מענטשלאַכער טרער,
צו דעם וואגל פון איינזאַמן,
צו דעם וואָס איז נע-ונד.
אונטער שטעכיקע גרינע הענט
האָט די רויטע בליהונג אין אַ צייכן זיך געשטרעקט —
אז דאָרן האָט די שייכות דערקענט
צווישן זיך, מיין שטאם, און גאָט.

# מדבר חלומט

אונטער שאַרלעך־רויטן פֿאַרנאַכט
גייט אויס אַ מידער טאָג,
הייסע ווינטן פֿאַרקעמען זאַמדיקע כוואַליעס
מיט קאַמען פֿאַרבענקטע און שטילע,
דערנער פֿאַררייסן די קעפּ צום הימל
מיט שטעכיקע תּפֿילות.
בראָנז גליט
אויף פּורפּורנע שפּיצן פֿון פֿעלז
און נעמט באַ זיי די בענקשאַפֿט צו
פֿאַר זיין פֿאַרנאַכטיק ליד.
בלויע שאָטנס שניידן איין אין נאַקעטן שטיין
סודות פֿון נאַכט.
מדבר ליגט פֿאַרזונקען אין אַ שווערן שלאָף
און חלומט מיראַזש געשטאַלטן:
גרינע פֿעלדער, ווייסע שאָף,
גלעקלעך אויף די העלדזער,
בלויע וואַסערן מיט קרוזשעווע שוים
אויף ברוסט פֿון ים,
בין־השמשותדיקע וועלדער מיט פֿרישע וואַסער־קוואַלן,
טרויעריקע מעלאָדיען
ווי דער מענטש פֿון בראשית האָט געזונגען,
ווען ער האָט איבער אירע שווערע וועגן
טרוימענדיק געוואַנדערט.
מדבר חלומט און בענקט
נאָך דעם פֿאַרגאַנגענעם נאָמאַד,
נאָך אַלץ וואָס ליגט פֿאַרוויגט אין די ווייטן.
שטערן און רו
זינגען אַ זילבערן ליד
פֿון טויזנט מדבר נעכט אין איין שעה.

# פאַרוואָס לאָקסטו מיר אַזוי מדבר

פאַרוואָס לאָקסטו מיר אַזוי, מדבר,
מיין ליד
איז פאַרכישופט מיט דיינע פעלזן פון גראַניט,
די טיף פון דיין שטיל געוויין כישופט מיין געמיט.

אין מיר שטראָמט די זעלבע בענקשאַפט,
וואָס אין דיינע זאמדן, וואָס אין דיינע שטיינער,
מיין עלנט איז גרויס,
נאָר דיינער איז גרעסער —
איך קען זיך מיט דיר ניט פאַרמעסטן,
איז וואָס אַזוינס אין דיין וועלט
פאַרפלעכט אונדזער ביידנס עלנט?

דו ביזט ווייט, ווייט,
איך בין דאָ אין מיינע דלד־אמות,
נאָר איך זע דיך דורך מיין בענקשאַפט,
איך זע דיין טרויעריקע ערד
אָנגעטאָן אין הימלדיקע פאַרבן,
איך הער דאָס טראַכטן פון דיינע אָנגעגליטע פאַנאָראַמעס,
דיין יעדער שטיינדל רעדט צו מיין געהער,
ווען איך דערמאָן זיך ווי פאַרטיפט
דו שטייסט אַזוי אין עפּעס א גרייזאַטע.

איך הער די ווינטיקע רוצחים
ווי זיי רייסן דיינע גלידער,
דיין דאָרשט דערציילט
ווי גאָט האָט דיך פאַרטיילט.
אָט גיט א פלייץ פאַר מיר
דיין טריב געמיט,
דו ליגסט פאַרטראַכט,
פאַרטאיעט אין א טענה צו דיין דאַליע.
אזא נעם איך דיר אין מיין דמיון מיט,
איך ווער מיט דיר אַלץ מער פאַרקניפּט,
ווען איך זע ווי דו בלאָנקעסט
אויף דערנערדיקע וועגן,
דיין פאַרלאָרנקייט
ווערט מיר אַלץ נעענטער און נעענטער
ווען איך בענק נאָך דיר
ווי דו נאָך רעגן.

## זונפאַרגאַנג אין מדבר

אנטקעגן דער נאַכט,
אין געהיימען געמיט
שטייט סאַן־האסינטא באַרג.
אין שטרענגן גרויען גראניט
לעבן אים זיין הבר סאַן־גאָרגאָניאָ,
קוקן זיי ביידע אין מדבר אַראָפּ.

טעראַסן שיכט אויף שיכט —
גיסן זיך די בערג צוזאַמען אין איין געזיכט.
זיי שווייגן אוים לעגענדעס פון דעם אלטן אַמאָל
פון וואָר פון גרויער,
פון פאַרביקע פאַנטאַזמען,
פון וואַסער שטראָמען
און פון אייביקן דויער.

אַ גאַלעריי פון אָפּגרונטן,
צייכנס פון פאַרהיילטע וואונדן,
און לעבן זיי
אַ קאַטעדראַל מיט פעלזן
אין קאַלפּאַק פון שניי.

פאַרביקע פליגלען פלאַמען פאַרפירעריש
אַרום די פעלזן שפּיצן,
ברענגען אַ צונטערדיקן פאַרנאַכט
אין אַ וואָלקן איינגעשפּינט,
און מיט שפּראַך
פון אַלע קאָלירן באַזינגט.

ראָז פלעכט זיך איין אין א דינעם שנור פיאָלעט,
און באלד
ווערט א פאָרהאנג פון טונקל גאָלד
אַרום ווילדע קאָנטורן פון פעלז סילועט.

טאָג שיידט זיך אָפּ מיט גאָלדענע טריט,
געל און גרוי —
פּלוצלונג —
ווייס געמישט מיט שאָטנס פון טונקל בלוי —
פאַרשפּרייט זיך די נאַכט.

ווי קלאנגען טיפע פון א פידל
איז זיס געווען די שפּיל פון פאַרבן.
איך האָב געשפּירט,
אז א גלויבן האָט זיך אין מיר אויפגעוועקט,
און גאָט האָט זיך אין די פאַרבן אנטפּלעקט.

# דער בוים אין גאָט־דינסט

דאָ,
אויף נאקעטער ערד,
וואו מאָהאווי מדבר איז פאַרשוואוירן
טויזנטער יאָרן צו ליגן אויף אַ שטרענגען בייזן רוקן,
וואו זאמדן ליגן אין פיבער זאט,
וואו דער דאָרן הונגערט
אונטער הימלען היים און טרוקן —
האָבן די מדבר געטער ווי אויף שפּאָט
א בוים פאַרזעצט,
אַ בוים אין גאָט־דינסט שטייט אין שווערע לײַדן.
די סוקעוואַטע בייזע צווייגן
שטרעקן זיך מיט שטומען געבעט
נאָך רעגן.
רעגן קומט ניט,
נאָר הייסע איינגעעקשנטע זון
פלאַמט אויף די צווייגן.
טיפער ווערט דער בוים פאַרוויקעלט אין זיין זאָרג
און טרוקענער ווערן די שטאַמען.

אַ בוים אין גאָט־דינסט שטייט אין שווערע לײַדן
און וויינט נאָך רעגן.

## ריז פון מדבר

ריז פון מדבר סאַווראַ!
ווען דו זאָלסט וויסן אַז דו ביזט באַשוואוירן
פון אַלע אויסטערלישע פלאַנצן אַרום דיר
צו זיין דער גרעסטער גראָטעסק
אויף א גראָטעסקער ערד,
אַז דו ביזט דער מאָנארך
אין דעם קעניגרייך פון קאַקטוסן —
וואָלסטו דיינע גלידער מיט מער ווייכקייט אַנגעבונדן
און אָנגעגאָסן זיי מיט טרייסט.

און ניט נאָר וואָלסטו געשטאנען ווי א שומר
און באוואכט די דערשלאָגענע ברידער דיינע,
וואָס שטייען מיט בלינדער מורא
פארזונקען אין זייער קריוודע
צו זיין אַ כאַליאַסטרע אַזאַ פארטריבן אין דער וויסט,
נאָר דו וואָלסט געווען אַ כשוף שליסל
צו דעם פאנטאסטישן לאנד — מדבר,
און דיין געשטאלט,
וואָס קוקט אוים ווי אַ לייכטער בא דעם פעלזן-שוועל
וואָלט אויסגעליכטיקט בא דעם וואָגלער
די שפּאַנונג און דאָס גארן נאָך א באזונדערער וועלט.

# וואַסער - דאָרן

פרײַנט פֿון וואָגלער, וואַסער־דאָרן!
בײַם פֿוס פֿון שטײנערנעם פֿעלז
שטײסטו אַזוי צענויפֿגעדרײט ווי אַ ספּיראַל,
דײַן צורה איז ווי אַ נעגערשער קאָפּ,
פֿאַרשלײערט אין שטעכערס, טרויעריק און עלנט,
און כאָטש דו ביזט גאָרניט אַזוי שלאַנק —
דאָך ביזטו דער יחסן צווישן אַלע דײַנע ברידער
ווײַל אין דײַן געשטאַלט וואָס קוקט אויס ווי אַ פֿאַס
איז אײַנגעוועבט דער זעלטענער מדבר געטראַנק —
קיל וואַסער.

יעדער וואָס קרײַצט די מדבר
שענקט צו דיר אַ בענטשונג שפּרוך,
ווײַל ער געדענקט,
אַז ניט נאָר דערפֿרישט דײַן וואַסער קיל
די גליענדיקע טרוקעניש פֿון גומען,
נאָר אָפֿטמאָל ביזטו אים מציל פֿון טויט —
אײַנשטילנדיק זײַן דאָרשט.

„לאָמיר קרײַצן די מדבר” זאָגט דער וואָגלער
און טרוימט דערווײַל פֿון דיר,
ווען ער דערמאָנט זיך אין דער לאַסט פֿון וואַסער לאָגלען
און ער הערט אין זײַן געדאַנק
ווי אַזוי דו וועסט פֿרײַנדלעך באַגריסן
מיט קילן געטראַנק.

# פֿאַלמען אין קאָטשעלאָ טאָל

אויף טרוקענע וועגן פֿון מאָהאַווי מדבר
ליגן זאמדן אין מרה־שחורה׳דיקן גרוי.
גייט א וואָגלער ווייט — ווייט
נעמט ער בא דעם זאמד מידקייט פֿאַר זיין טראָט,
נאָך מער מידקייט פֿאַר זיין געדאנק,
האָפֿנונגלאָזיקייט פֿון דאָרשט
און אונענדלעכקייט פֿון צייט.
קומט דער וואָגלער צו קאָטשעלאָ טאָל —

שטייען דאָרט ווערבעס מיט וויינענדיקע צווייגן,
איזאָלירטער קרעאזאָט מיט גיפֿטיקן שווייגן
און זיבן פֿאלמען קומען אים אנטקעגן —
שטרעקן זיי אַרונטער גרויע מידע פֿעכערס
פֿאַר נעסט פֿון שפֿערל
און מונטערקייט צום וואָגלער.
אויף יעדער פֿאלמע קאָפּ
א געשריי פֿון ווינטן,
וויל פֿאנאנדערבינדן
דעם שלייער פֿון די אָוונט כמארעס שווער
אין פֿאלמען איינגעשפּינט.
לויפֿן ווינטן אין גאלאָפּ
ווי וועט־לויף פֿערד
פֿלאטערן פֿאלמען אַרויף אַראָפּ, אַרויף אַראָפּ.

# קאַקטוס

מיט געדויער פֿאַרדרוס
יאָמערן דײַנע פֿאַרדרייטע נייגעריקע פֿינגער,
העראָגליפֿן קעגן הימל:
„פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס".

ניט דו דערפֿרייסט,
ווי דער רייץ פֿון רויטן סאַמעט אין דער בלום,
ניט דו זעטיקסט אָן אַזוי ווי דער עפּל,
קיינעם גייט ניט אָן דײַן זאָמען,
דו טראָגסט ניט קיין בשורה
ניט אין דײַן געשטאַלט, ניט אין דײַן נאָמען,
נאָר דו שטייסט אַזוי פֿאַרדרייט, פֿאַרכמורעט,
שטעכעדיק און שטום,
ווי גלײַך דו וואָלסט געוועזן דאָס סימבאָלישע געוויין
פֿון דער פֿאַרזיגלטער רעטעניש מדבר,
וואָס קיינער קען ניט דערגיין.

אפֿשר דער דיכטער,
וואָס קען צונויפֿבינדן דײַן פֿאַרשאָלטנקייט
מיט זײַן געמיט,
וועט דײַן צורה באַהאַלטן אין זײַנס אַ ליד.

## גייט אָפּ אַ שיף פון ברעג

אָפּשייד און טרערן און מענטשן ווייַ
אין געזעגענונג מיטן ברעג,
מיט צוזאָג האָט איינער דעם צווייטן באַשווערט
מיט שאַרפן אויסגעשריי.
אָן אומעט האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין אָרעם פון שיף
און זיך פאַרזאמט,
א מחנה כוואַליעס לויפן אָן מיט שטורם
און מאָלן אוים אווארן אויפן זאמד.
דער ווינט איז פרעמד און שיכור מיט זאלץ,
ער קריגט זיך און קריגט זיך מיט ברויז פון ים;
צו יסורימדיקע ווייטן האָט זיך א שיף אוועקגעוויגט —
לאַנגזאַם, לאַנגזאַם.
טרוימענדיקע ווייטן,
מעסט מיט נצחון דער אלבאַטראָס,
מיט שאַרפן קלאַנג שרייט סירענע אוים בטחון
פאַרן הארץ פון מאטראָס.
כוואַליעס זינגען דאָס ליד פון תהום
און יאָגן פחד אָן פון גרויע ווייטן.
בא יעדן אין הארץ איז א געפיל פון געפאַר —
די סודות פון די טיפע וואסערן זאָלן ניט פאַראטן.

# רייד פון אַ חבר

עס בליט אַ זון־פּאַרגאַנג אין פֿייערדיקן זוים פון האָריזאָנט —
ס'איז זומער איצט,
נאָר אונטער מיין פענסטער בליט נישט קיין בוים;
עס וויגט זיך אין דרויסן דאָס וועש אויף אַ שטריק,
און אין מיין דמיון — מיט צוואַנציק זומערן צוריק —
בליט דער בעז.

מיין ליידיקער טיש חלומט ברויט מיט קעז,
און אין מיר ווערט אַ געדאַנק איינגעקריצט:
אַז האָבן גאַנצע שיך איז אויך אַ גליק!
נאָר אַ לאַטע אויף אַ לאַטע איז נאָך אַלץ ניט אַזוי שווער
ווי די ליידיקייט פון מיינע האָרעפּאַשנע הענט,
און ווי אַ ניט־אויסגעוויינטע טרער
וואָס שטיקט אין איינזאַמע ווענט.

און אַז איך וויקל שוין איין אין פּערזן די וואונד,
דעם עלנט פון מיינע דלד־אמות —
וויינען נאָך שטאַרקער אין מיר די יאָרן פון מיין תמוז;
בענקען נאָך לוסטיק געלעכטער פון אַ קינד.
און וואָס מער איך ווער פון ליד צו ליד געטריבן,
ענגער ווער איך איינגעשפּאַנט אין עפּעס אַזוינס וואָס קען ניט זיין באַשריבן.

## אין קאַבאַריי

ס'שטורמט דער דזשאַז
צום טאַקט פֿון פֿרעכע טריט
רוישט און באַרוישט ניט,
ס'וויינט דער פֿידל אויס אַ דינעם, דינעם ניגון
וואָס גנבֿט זיך אין האַרץ אַריין,
די פֿליִיט פֿאַרגיסט זיך אין אַ טיפֿן עלנט,
קלאָגט און קלאָגט אויף פֿאַרלוירענע לעבנס
און אויף אָפּגעטרוימטע יאָרן.
די פּויק דונערט, דונערט
און האָט גאָרניט וואָס צו זאָגן.

ס'שרייען די עלעקטרישע רעקלאַמעס
און רופֿן מיט בורלעסק
דעם מאַן דעם עלנטן פֿון זיינע דלד־אמות.
טאַנצנדיקע סינאָריטאַס
פֿאַרפֿלייצן מיט ברענענדיקער לוסט
און רייצן מיט האַלב־נאַקעטע לייב.

גאַנצע קוואַרטאַלן
פֿון איינזאַמע הונגעריקע מענער
זיצן בײַ די קרומע טישלעך
מיט אַראָפּגעלאָזטע פּנימער,
שלינגען געשמינטקע פֿרעכע בליקן, פֿרעכע טריט
און גיסן בראָנפֿן אויף אָן אָנגעגליט געמיט
צו דערטרינקען דעם עראָטישן יאָך פֿון לייב.

די שיכּרות זיגט ניט די וואָר,
אויף טישן שפּילט דער וויין אין גלעזער קלאָר,
אין וויין זעט יעדער אַ געדריי
פֿון פֿאַרדרוסיקן געמיט און פֿאַרשאַרפֿטן ווײ
און אָפּגעאַרטע שיכּרות דאָ אין קאַבאַריי.

# באַם האָפן

פּנימער פון טונקעלן בראָנז געגאָסן,
שוואַרצע וואָל באַצירט די קעפּ — געבויגן,
אַ שווער געמיט אין פּראַצע איינגעשלאָסן,
צאָרן ברענט און ברענט אין שווערע אויגן.

אַ כאָפּטע נעגערם בויגן מידע רוקנס
צו לאָדן שווערע זעק מיט ווייץ.
צום גאָט פון ברויט זיי בוקן זיך און בוקן
צום טאַקט פון הייליק ליד: יעזוס אויפן קרייץ.

„ווער וועט אויסלייזן אונדז נעגערם פונם האָס אין אונדזער לאַנד?"
ברענט אין שוואַרצן האַרץ אַ פייערדיקע בראַנד.
בייזער ווינט פאַרטראָגט אין נאַסן מאָרגן
אַ נעגערש ליד פון אַרבעט און פון זאָרגן.

# לעבנס אויף אַ האָר

אויף אַ בריק
פון ברעטער און שטריק
קלעטערן יונגען אַהין און צוריק.
מיט ערלעכער מי און שטרענגן כוח
בויען זיי אַ מויער אין שווינדלענדיקער הויך.
שטאָלצע קעפּ אויף ברוינע ברייטע פּלייצעס,
דעמבענער כוח אין שווינגענדיקע הענט,
געפאַר און גלייכגעוויכט אויף הויכע, דינע לייטערס
אין געפאַר פון טויט —
שטילן מענטשן באַדערפעניש נאָך ברויט.
וואַקסן ווענט ברייטער און ברייטער.
לידער אויף די ליפּן צום טאַקט פון האַמער —
גלעטן הענט מיט פּלאַסטער אויס
הויכע ציגלנע ווענט,
אויף פאַרקנייטשטע שטערנס פּראַציעדיקער שווייס,
מיט די שעהן שווינדט דער כוח,
בייגן זיך קערפּערס אין שווינדלענדיקער הויך.
ערלעכע פּראַציע פון פאַרהאָרעוועטע הענט
פאַרברידערן אויף לאַנגע יאָר
אייזן, ציגל און צעמענט.
פלעכטן זיך ציגל מיט אייזן און שטאָל —
וואַקסן ווענט פון אַ שפּיטאָל.
דאָ וועלן אינוואַלידן רוען זייערע אויסגעציילטע שעהן.
אין אַ מויער אויף לאַנגע יאָר
וועלן צאַנקען לעבנס אויף אַ האָר.

# בלינד

עס שטרעקט דער איינזאַמער זיין שטאָלצן טרויער
צו אַ מענטשלעך אויער
אין אַ שעה אַן עלנטע, אַ גרויע,
אַזוי ווי פּאַרכטיק און בלינד ס'שטרעקט זיין האַלדז דער באַראַן
צום מעסער —
און ס'איז דער צוטרוי אָפּט אַ זומפּיקער טומאַן . . .
און זיין טרויער ווערט נאָך גרעסער
ווי פריער, ווען ער האָט פאַרהוילן געגליט אונטער שלעסער . . .

# אין שלאָף

דו הערסט ניט מיין רוף זאַהאַווא
וואָס זעסטו אין דיין שלאָף?

אויף ווייסן קישן
שוואַרצע קרויזן
כוואַליען זיך מיט שטילן ברויזן.
צאַרטער נאָך ווי מידער שלאָף אויף מידע אויגן
איז דיין רו
אין חלום שעה.
איז עס אַ שטורעם,
וואָס דיינע פאַרפלאָכטענע בראָנזענע אָרעמס
פאַרצווימען אין חלום?

זאַהאַווא,
וואָס פלאַטערט אַ האַלבער שמייכל
אַזוי דין אויף דיין ליפּ,
האַלב חלום, האַלב וואָר —
צי זעסטו דעם ליכטיקסטן פינטל
צוריק בּאַ די קינדערשע יאָרן?
וואָס זענען די שנורן אַזוי אויף דיין שטערן פאַרכפּלט,
האָט אפשר אַ צווייפל אַ שווערער
ווי אַ וואָלקן פאַרבייגעשוועבט?
פון וואָס איז דיין חלום געוועבט,
זאַהאַווא?

## איינזאַמקייט צוזאַמען

שטיקלעך טאָרט אויף א טעלער
מיט צימערינג באשפּרינקלט,
גאָלדיקער טיי אין דינע גלעזער פינקלט,
באם טיש חברים דריי
צעשניידן מיט זייערע רייד די שטילקייט אין די ווינקלען.
אן אונרואיקע פּרויען האַנט
מישט א באנד מיט לידער,
זי ווערט וואָס אמאָל מער און מער געשפּאַנט,
בלענדעניש הערט אויף און שפּילט ווידער.
אין קאַמין לעשן זיך די לעצטע פלאַמען,
קלינגען רייד וועגן פערזן מיט גראַמען —
— טרינקען דריי חברים איינזאַמקייט צוזאַמען.

## צו ה. לייוויק'ן

(מיט ליבשאַפט צו זיין 50־יאָריקן יום טוב)

דער קאָפּ ווי באַ יונגען פאַרחלומטן הירש
אין זוניקע שטראַלן פאַרפלאָנטערט,
אין שוואונג פון ברוּיזיקן געמיט,
אויף צעשראָקענע שליאַכן פאַריסן;
פון די ווייסע האָר לויפט אַן אימפּעט אַרונטער
צו פאַרפלאָנטערטע טריט —
אַן אימפּעט פון וואָר פון געוויסן.

אין פּנים די שרעק פון זיין פאָלק־קאַטאַסטראָפע
צעהעלט אינם פלאַם פון בטחון;
פאַר מענטשלעכער חשיבות —
שפּילט אויף שטאָלצער ליפּ
בלוטיקער געוועט מיט נצחון.

אין אויגן די חתימה פון גאָט
אַ צעגליטע אין שטורם פון וואונדן
טרוים עקזאַלטירטער און האַרטע וואָר
אין בליקן פאַרטיפטע געצונדן.

אין שנורן געקנייטשטע פיבערן לידער
אויף הויך פון בלאַסן שטערן —
געמיט פון פאָעט און אחריות פאַר מענטש
פאַרפלאָכטן אין גורל אין שווערן.

אויף די אקסלען א רהבתדיקע לאַסט
טראָגט ער צו אַ פאַרשלאָסן טויער,
ער ווערט ניט מיד, ער ווערט ניט מיד
אויף א ווייטער, ווייטער שטרעקע א גרויער.

אין מאָנונג פאַר יושר פון מענטשן פאַר מענטש,
אין קאמף פאַר א וועלט א באפרייטער —
דאָס וואָרט זיינס ברענט און ווערט ניט פאַרברענט
„ער הויבט זיך אויף ווידער און שפּאַנט אַוועק ווייטער".

## צו א. ליעסין׳ן

(לכבוד דעם יובל פּייערונג פון 50 יאָר „צוקונפט״)

אזוי ווי עס לייכט דער שטילער שטאָלץ פון א ריינקייט
מיט אידישן נצחון
און באצויבערט מיט יום טוב די וואָכעדיקייט —
אַזוי האָט ער, דער דיכטער, מיט געזאנג
דורכגעשטראלט די סכנה און דעם יאָך
פון זיין א איד,
און זינגענדיק האָט ער אין זיין ליד
פאַרוועבט א זמר פון בטחון.

אַזוי ווי ס׳באלייכט דער משיח-דראנג די פינסטערניש פון גלות וועג
אַזוי האָט געלויכטן זיין זעליקייט אין אונדזערע גורלדיקע טעג.

עס שראַלט פון זיין ווייסן קאָפּ אַזוי העל
דער טרוים, דאָס וואָרט און דער זין,
מיט וועלכע ס׳איז געווען געבענטשט
ליעסין דער דיכטער, דער מענטש.

א שטילער שלום קוקט אַרויס פון זיינע מילדע אויגן,
מיט א אידישן טיפן צער בא׳חנט,
ס׳לייכט זיין אָפענער פּנים
אויסגעקריצט מיט נביאימשע סימנים.

ווי אַ פּרוכטבוים שטאָלץ מיט רייפקייט אין האַרבסט
אַזוי שטייג איך אויף געבענטשט אין מיין טרוים,
ווען איך שפּיגל זיך אין די געזאַנגען פון ליעסין דעם פּאָעט.

און אַ געדאַנק בליצט אויף אין מיר:
וואו שוועבט אַרום זיין נשמה איצט?
אפשר שוועבט זי איבער שטיבער
וואו אידישע דיכטער ליכטיקן אוים זיינע חלומות
אין זייערע לידער?

## צו ה. רויזענבלאַט'ן

(פּאָרטרעט — צו זיין זעכציקסטן יובל)

דער שטאָלצער קאָפּ, עקשנות'דיק מיט יונגשאַפט, מיט באַנייטער,
בליט אויף מיט זיידן־ווייסע האָר,
צו פייערן דעם טיפן געלייטער
פון ליכטיקע זעכציק יאָר.

אין געטריישאַפט פון אויסגעכאָוועטן קלערן,
אין אומרו פון איינגעהאַלטענעם צער.
און אוצר שנורן ציען זיך אויף רחבותדיקן שטערן
און בליצן אויף מיט לויטערקייט — „אַ גרויסער איז אַ נאַר".

מיט אַ כישופדיקן ליכט
זענען די ברעמען אַרומגערינגלט —
אין זיין ריר וויגט זיך אַ טיפער גלייכגעוויכט
צווישן רייפן שכל און פאַרטרוימטן אינגל.
צעהעלטער חלום פון אַ קינד
אין די אויגן בליט:
לירישע פאַרטרוימטקייט פון אוקראַינער נעכט געשפּינט,
ווען זומער איז אין צוויט.

די שטים — זיך וויגט צווישן פרייד און וויי,
און גליט ווי א פאַרזאַמטער זומער שטילערהייט.
דער ריטם טוט א וואָרעם, אַ דערפריי,
ווי א שטיפערישער פאסטוך מיט זיין פלייט.
דורך שאַרף געהער —
דינער פון א ווינט,
דראַפּעט זיך אין האַרץ צו אים אין מיטן נאַכט אַ טרער
דורך דעם כליפּען פון אַ קינד.

ברייטע פלייצעס
אָנגעלאָדן מיט א לאַסט א באַזונדערער:
שטאָלצער ווייטיק,
יסורים צו זעט,
אחריות פאַר געשריבענעם וואָרט —
דער שווערער גורל פון פּאָעט.

# מאָנאַ־ליזאַ

ספינקס אין וואונדערלעכן שווייגן, מאָנא־ליזא!
פאַרוואָס איז מיסטעריעז אַזוי דאָס ליכט,
וואָס ברענט אין דיין פאַרפירערישן פּנים?
וואָס פאַר געהיימע נעצן וועבן זיך אין דיינע האָר,
וואָס פאַלן ווי שאָטנס און וועקן נייגער
ווי אַ רייצנדיקער געץ?

אויב דיין שטערן טראָגט דעם גורל פון אַ נאָנע,
וואָס דאַ־ווינטשי האָט אויסגעחלומט,
פאַר וואָס־זשע איז תאוהדיק אַזוי דיין בליק,
אַזוי שעלמיש אין דיינע אויגן דער פלאַם,
דו טייוולדיקער פאַנטאַם?
און וואָס אַזוינס איז פאַרגליווערט אויף דיינע ליפּן
אי רייצנד אי פרום,
איז עס אַ שפּראָץ פון דערפאַרונג און שכל
איינגעוויקלט אין אַ לעגענדאַרן שמייכל?
וואָס ליגט אין רעטעניש אין שטומען
פון דיין נאָמען
מאָנא־ליזא.
טיפע זינד פון אַ קאָקעטקע
צי מוטער טריישאַפט צו אַ קינד?

מאָנא־ליזא,
טויזנט פרויען קוקן דורך דיין סודותפולן בליק,
אפשר ליכטיקט אוים דע־ווינטשי
מיט יאָרן צוריק זייער אָפּגענאַרטן גליק?

# נאָנעס

בלאסע פנימער אין הייליקייט געשניטן,
אין די אויגן ציטערט טיפער גלויבן,
גליק — חלום פארוויאנעט אין אומרייפע בליטן,
ברען פון גוף צו לויטערקייט דערהויבן.

איינגעראַמט די קעפּ אין שוואַרצע טיכער,
געלייטערט פון סם און פינסטערן צווייפל,
בליקן קאלטע, בליקן שטרענג און זיכער,
טעג פון שווערער מיסיע געכפלט.

שוואַרצע טאָגעס צירן שווער און שטיל
לייבער אויסגעצערט פון בענקשאפט און פון גאַל.
ווייסע פליגל — סימבאָל פון שיקזאַל,
הענט פארלייגט אין גליענדיקער תפילה.

הערצער אָן צאַפּל און אָן זינד,
אַ וועלט — ווי אַ מדבר אין ווייטן מיראַזש.
שיין וואָס שטראָמט דורך פרייד פון אַ קינד,
פאַרביטן אויף טעמפל־עקסטאַז.

פאַרלאָשן פון פרייד נעכט און טעג,
אויפן שוועל אַ מאָנאַך אָן אַסקעט
אַ שווערער באַזונדערער וועג,
אויף דינע ליפּן צו מענער אַ פלוך.

# שוועסטער באַרמהאַרציקע

איך וויל דיר דאַנקען,
שוועסטער באַרמהאַרציקע,
ווען איך זע דיר אין שפּיגל פון מיינע געדאַנקען:
טריישאַפּט אין דיין ווייסן קלייד צעהעלט,
דיין פּנים אויסגעשאָטנט אין רחמנות
צום ברודער פון שלאַכטפעלד,
צו דעם וועמענס בלוט עס ווערט פאַרזאָטן אין פלאַקער פון געשלעג.

זיין בראָך פון אָפּגעקירצטע טעג,
דעם שטאָל אין לייב,
קלעמענדיקע בענקשאפט
צו מוטער, צו היים, צו קינד, צו ווייב
ברענגט ער צו דיין שוועסטערשאפט.

ס׳ברענט א געבעט אין זיין צאָרנדיקן בליק,
אַז דו זאָלסט אים אלע זיינע אייגענע פאַרבייטן,
אַז דו זאָלסט זיינע לעצטע פיבערן פון הארץ איינשטילן,
אַז דו זאָלסט ערשט-צעבליטע וואונדן
מיט רחמנות פאַרבינדן.

ווער נאָך קען מיט טריישאפט
אויסשטרעקן די הענט אזוי שוועסטערלעך און אָפן,
ווער נאָך קען צוריקקערן זיין האָפן
ווי דו,
ווען צאָרן שווערער האָט אים אזוי געטראָפן,
ווער נאָך ווי דו
קען אויסהערן זיין לעצטן שטאמל,
זיין צערטלעך צו אים, ליב און ליבער,
ווען ער ברענט אין זיין בראַנדיקן פיבער.

אין שווערע שלאָפלאָזע נעכט
האָסטו אפשר ניט איינמאָל געוואויגן
די אַלע געפילן וואָס האָבן דיך באַוואויגן.
די אַלע סיבות וואָס האָבן דיך פאַרבונדן
מיט ווייטער פרעמד, מיט געפאַר פון טויט,
מיט פרעמדן בראָך,
מיט פליכט צו פאַרבינדן פיבערדיקע וואונדן.

צי האָט דיר אהין א שטאַרקער נייגער,
צי אחריות פאַר מענטש געצויגן?

הייליק ביזטו
דערפאַר וואָס דו האָסט א וועג אזא אויסגעווײלט
דעם ברודער פון שלאַכטפעלד צו היילן.

דו ביזט געבענטשט
א ברעקל האָפנונג צו ברענגען
דאָרט וואו ס'איז אָפטמאָל קיין האָפנונג נישטאָ,
צו ברענגען שוועסטערשאפט צום ברודער פון שלאַכטפעלד
ביזטו אפשר מיט דער שענסטער שליחות באַשוואוירן.

## שניט צייט

גאָלד און רויט, גאָלד און רויט,
באַגינען איז אין גאָלד פאַרטראַכט
און פאַרפלאַמט אין רויט.
פויערים שפּאַנען מיט סערפּ אין די הענט,
פאַר זייערע פּשוטע שטילע פאַרלאַנגען
האָט דער זומער א לוין זיי געבראַכט:
אויף ברייטן סטעפּ ביז איבערן גאַרטל
זענען אויפגעגאַנגען קאָרענע ברויטן.
א דור פון שטאָלצע רייפע זאַנגען
שושקען זיך אין פריידיקן ציטער,
מיט שווערער שפּע בייגן זיך פאַרן שניטער.
א שוואונג מיט דעם סערפּ און אַ שנייד
אַ כוואַליע פון גאָלדענעם זייד —
ליגן געשניטענע ברויטן,
פליסט א פרייד אונטער פויערשע הויטן.

שטיפערשע בליקן
און באַגערן געצונדן
לויפן פון ער צו זי
אין הייסן גאַלאָפּ —
ווערן באַגערן פאַרפלאָכטן אין סנאָפּ,
ווערן סנאָפּעס מיט גרעסערן חשק געבונדן —
ברענט די אַרבעט און ברענט
אונטער פויערשע בראָנזענע הענט.

## זאַנגען

ס'איז טיפער האַרבסט געווען.
אונטער בלויען הימל
האָבן רחבת'דיקע ווייטן זיך געצויגן אין א דרימל,
זענען פעלדער געלעגן נאַקעט און אָפן
און געוואַרט, געוואַרט.
איז געקומען דער זייער צום פעלד
מיט ליבשאַפט, מיט האָפנונג צעהעלט,
מיט בראָנזענע האַרעפּאַשנע הענט,
מיט געזאַנג,
מיט געבעט
צו דער אייביקייט
און צום גאָט פון זעט:
ס'זאָלן אין זאַנגען שטענדיק בליען קערנער
און אין די קערנער נאָכאַמאָל א זאַנג.

דער אַקער־אייזן האָט די ערד אַזוי טרויליך געוועקט,
שטיקער פרישע ערד האָבן דעם זייער באַגריסט
און זים אַזוי געשמעקט.
האָפענונג אויף ברויט
האָט דאָס האַרץ פונם זייער געפרייט,
ער האָט די קערנער געזייט און געזייט,
קערנער האָבן פריידיק אויף ערד זיך געשפּרייט,
זיך צו די טיפן צוגעהערט
ביז ס'איז פאַרגאַנגען די זון פורפור־רויט,
פאַרנאַכט איז דער ווינט
אנטקעגן געגאַנגען
צום זייערס געזאַנג:
ס'זאָלן אין זאַנגען שטענדיק דרימלען קערנער
און אין די קערנער נאָכאַמאָל א זאַנג.

מיט געזאַנג האָט דער רעגן די ערד געוועקט,
מיט זעט האָבן קערנער אין זאַנג זיך אומגעקערט,
וואָס טיפער די זון האָט געצערטלט די ערד
אַלץ טיפער פֿאַרטראַכט אין פֿעלדיקן דויער
זענען פֿון זאַנגען די שטעכיקע בערד.

א גאַנצן ווינטער
האָבן קערנער פֿון טיפער ערד
צום געזאַנג פֿון רעגן זיך צוגעהערט,
געדרימלט, געיערט.
אין פֿרילינג
געשטייפֿט זיך אויף זאַנגענעם רייץ,
אין זומער
געוואַקסן, אויפֿגעגאַנגען —
ביז זאַנגען זענען געוואָרן ווייץ.

דער זייער אין זיין קרובהשאַפֿט צום זאַנג,
די זון אין איר פֿאַרנאַכטיק רויט,
דער זאַנג אין זכות פֿון דערנערן,
דער רעגן אין טריישאַפֿט איינגעהילט,
די אייביקייט אין גלייכגילט —
זיי זינגען אַלע דעם ביסן ברויט:
ס׳זאָלן אין זאַנגען שטענדיק בליען קערנער
און אין די קערנער נאָכאַמאָל א זאַנג.

# אימפּרעסיעס

אויף אַ צווייג פון בליענדיקן אָליאַנדער,
צווי שמעטערלינגען
באַגעגענען און פליען זיך פאַנאַנדער.

פאַנאַנדערגעעפנטער קנאָספּ אין גאָרטנס-זוים,
שפּרייט דורך לייכטן ווינט אַ שאַרפן פאַרפיום
און וועקט בא איינעם אויף אַן אַלטן טרוים.

זומער-שטויב
זאַפּט איין אַ שטילן דריבנעם רעגן,
און ליגט אַזוי צופרידן.

לויפן זיך צונויפמען צוויי וועגן,
און צעטומלען אין בין השמשות
אַ בעטלער, אויפן וועג אַ מידן.

דער פאַרנאַכט קוקט אַזוי סומנע און פאַרביינקט,
מיט פארקלערטע שטילע טריט
שפאנט איינער אויף א סטעזשקע,
באַשאָטן מיט אקאציע-צוויט —
ציט א ניגון פון פאַרגאַנגען גליק,
און טרינקט מיט ווייכן בליק
א בראָנזענעם זון-פארגאנג.

צוויי אינגלעך אויף א שליאך
א ברייטן
שפילן אין געוועט,
און באהאלטן זיך איינער פאַרן צווייטן
אין שלאַנקן טשערעט וואָס שפיגלט זיך באַם טייך.
אַ שוועלבל אויף א קוסט
האָט עפּעס א פּיק געטאָן און אוועקגעפלויגן,
און דער קוסט האָט זיך אין פלאטער
צו דער ערד געבויגן און געבויגן.

# מאי

מאי —
פאַראַן א וואונדער,
וואָס ליגט באַהאַלטן אין דעם וואָרט
און שפּיגלט אָפּ גאָר באַזונדער
דעם חן וואָס ליגט פאַרוויקלט דאָרט.

מאי —
דאָס וואָרט ווערט פאַרטיפט
אין דער שפּראַך פון ווייסע טויבן,
וואָס קומען אנטקעגן א בליענדיקן פרילינג,
און וואָרקען צופרידענע, פאַרשטיפטע.

מאי —
טוט א קלונג
אין געדאַנק פון פאַרוועלקטע פרויען,
ס׳גייט אויף אין דערינערונג
אַלץ וואָס איז געשען,
ווען זיי זענען יונג געווען און שיין
ס׳זענען יאָרן מיט ליבשאפט זאט געווען,
ס׳האָט דער געליבטער געצויבערט מיט זיינע ווייסע ציין,
און ס׳איז מאי געווען.

מאַי —
דער קלאַנג טוט אַ בלענד אַזוי מאַגיש,
ווי אַפריקאַנער צווײַט
אין אַ גאָרטן
וואָס האָט מיט זומערדיקער רײַפקייט זיך צעבליט.

מאַי —
דאָס וואָרט איז פול מיט שטילן כּישוף,
וואָס פלעכט זיך אַרום בלאַסע גירליאַנדן,
און אַנטפּלעקט זיי אַ סוד
פון ערד און גאָט.

## צוויי וואַסער ליליעס

האַלב רואיק, האַלב צעטראָגן,
צוויי וואַסער ליליעס פֿלאַטערן אויף מיין טיש אין וואַסער קרוג.
עמיץ האָט זיי פון גאָרטן אָפּגעשניידט —
בענקען זיי זאַלבעצווייט,
די שלאַנקע ברוינע העלדזער אַרונטערגעבויגן.

די פּיאָלעטע סאַמעטענע בלעטער,
ווי פייגלשע שנאָבלען שאַרפע,
שפּיצן זיך אין דער נאַכט אריין מיט דער לעצטער מונטערקייט.

שפּעטער
נעמען זיי וועלקן, זינקען אַרונטער.

צאַרטער זענען זיי געוואָרן אין אַפּשייד געזאַנג;
אין די לעצטע רגעס
האָבן זיך פאַרחלשטע העלדזער פאַרפלאָכטן
אין אַ פרעגצייכן אַרונטערגעהאַנגען —
ווי גלייך זיי וואָלטן עפּעס בא עמיצן פרעגן.

# כ׳האָב ליב דעם פרילינג

כ׳האָב ליב דעם אפריל
ווען טעפּיכער פון באַרג צו באַרג
פאַרשפּרייטן זיך מיט פרישע גראָזן
און ס׳שעפּטשען זיך די דעפּאָדילן,

כ׳האָב ליב דעם פרילינג
ווען דער זיסער אַראָמאַט אין דעם ערשטן בלעטעלע פון קנאָספּ
זוכט
די ערשטע זון־שטראַלן,
וואָס באַהעפטן זיך מיטן וואָרצל
און גיבן זיך אַוועק צו ערד, צו פרוכט.

די היאַצינטן
וואָס קוואַלן מיט ליבשאַפט צום שטיפנדיקן שפּערל
מיט בליטן פון פּערל.

דעם רויש פון הונדערטער וואַסער שטראָמען,
וואָס טוען זיך א לאָז מיט אימפּעט פון פעלזיקן קייט
אַנצוזאָגן פרילינג.

כ׳האָב ליב די בלום
וואָס דערציילט מיט סיריז פאַרבן
וואָס ס׳האָט מיט איר א גאַנצן ווינטער געטראָפן,
כ׳האָב ליב די צייט פון פרישן האָפן.

# אַ פידל וויינט אַריין אין דער שטילקייט

אָוונט גאָלד אויף מיין פענסטער
ליכטיקט אויף און ווערט פאַרלאָשן,
א שאַרפער ווינט האָט אַריינגעשושקעט
האַרבסטיקן לשון.
ס'אָטעמט מיט אָקטאָבער דער קנאָספּ אין בלאַסן ראָז
ערשט פון גאָרטן פריש מיט נאַכט,
אַ שטיינגל גרינע טרויבן ליגט פאַרטראַכט,
די עפּל רויטלען זיך אין אַ געוועט —
ווער וועט אַרויסרופן דעם שטאַרקסטן באַגער.
מיט באַרוישונג פינקלט רויטער וויין אין דינעם גלאָז,
אין מיין זכרון צוויבערן פערזן מיט פאַרפיומירטער שפּראַך
פון פאַרשפּיצטן באָדעלער,
ערגעץ פאַרגייט זיך אַ פידל מיט קלאַנגען פון באַך
לירישע אַקאָרדן צופן דאָס האַרץ
דורך לייד און תפילה און מילדקייט.
דערנאָך ווערט שטילער, שטילער.
אַקאָרדן פול מיט רחמנות
וויינען אַריין אין דער שטילקייט.

# אַלץ וואָס פֿאַרגייט

ווייט-ווייט איז אַלץ אַזוי ווי אַ טרוים
און ווי דיווירקלעכקייט אַזוי נאָענט:
אין גאָרטן די נעסט פֿון טויבן
באַם צווייט און שאָטן פֿון קאַרשנבוים,
זייער וואָרקען פֿאַרפֿלאָכטן מיט בענקשאַפֿט, מיט אַוונט,
אין האַרבסטיקן פֿעלד אַראָמאַט פֿון רייפֿע זאַנגען,
די זיסע זעט פֿון פֿאַפּשויען,
פֿון דער היימישער קרעניצע די לויטערקייט,
באָרוועסע טריט אין פֿרימאָרגנדיקע טויען,
באַם קינדערשן וויגל די זיסע געזאַנגען
פֿון מאַמען דער געטרייער —
אַלץ וואָס איז געווען מיר אַזוי טייער
און אַלץ וואָס פֿאַרגייט און פֿאַרגייט ניט —
נעמט מיך איצט אַרום און דערפֿרייט.

# אָקטאָבער

אן עפּל איז געבליבן אויף דעם העכסטן שפּיץ פון בוים
איין אַליין,
אין שטילן צער פון פאַרגיין.
א קאלטער ווינט
קילט דאָס הארץ פון יעדער גרעזל מיט זיין רוגזה —
און פאַרשווינדט.
אין ווינטיקן ציטער,
אָן שאָטן, אָן בלעטער,
וויגט זיך אן הארבסטיקער צווייג
אין נאקעטן שווייגן.
די לעצטע פאַרבן אין גאָרטן
רייצן טויזנטפאַך
צו קריגן בא דער זון נאָך אַ שטראַל,
און די זון ליגט ווייט און באַהאלטן
אונטער א וואָלקן א שווערן,
פאַרכישופט אין טיפן קלערן:
ווי אַזוי איר גאָלד אויף זומער צו באהאלטן.

## זונפאַרגאַנג

ווייסע שעפּסעלעך באַזוימט מיט פּורפּור
וואַנדערן
אויף הימל פאַרצויגן מיט אַ דרימל.
מיטאַמאָל —
קומט אַ בער פון גרויען בין-השמשות,
שטרעקט אויס בלויע צונגען —
ווערן שעפּסעלעך פאַרשלונגען.
אַ כעסן אַ ווינט
צערייסט דעם בער אויף צווייען,
צעגייען שפּורן פון פאַרנאַכט
אין אַ ים פון טינט.

פאַרפלאָנטערט, פאַרטראַכט —
אַ ראָזער שטרייף איז געבליבן
אַרומגערינגלט אין בלויען צוזאָג;
מאָרגן וועט זיין אַ הייסער טאָג.

# דאָרפיש

ס'שמעקט מיט ווילדן האָניק און רויער ערד
און מיט הארבסטיקע פּירות, וואָס הענגען אַרונטער צייטיק
און שווער.

אין גאָרטן ליגט אָקטאָבער אין א רייפן שווייגן,
גאָלדיק און פאַרטראַכט.
שאָטנס פלעכטן זיך אין צווייגן,
נעמט פאַלן דער פאַרנאַכט
און שלינגט איין די גרויקייט פון די לעמער.
אונטער אַן אַלטן צעוואַקסענעם דעמב
זיצט נאַסטאַסיא אין אַן אויסגעניייט העמד
און מעלקט די ווייסע קו.

אין א שטילער, בלויער שעה —
קלינגען שנורן מילך אינם דנאָ פון עמער.

די צורה האַלב-תּאוהדיק, האַלב-פרום —
שטייט באַם זייט דער יונגער יאַקים,
אויפן זאַסטוף אנגעשפּאַרט זיינע בראָנזענע הענט,
און זיין ציטער אין האַרץ איז צו נאַסטאַסיאַן געווענדט.
ער וויל אַרויסשעפּטשען זיין בענקען נאָך איר —
פון דער אַלטער כאַטע טוט עמיץ אַן עפן די טיר —
בלייבט יאַקים שטום, און פאַרגעסט, וואו ער האָט געהאַלטן,
און זיין גליענדיקער אמת בלייבט ווייטער אין א סוד באַהאַלטן.

## וועגן

פאַראַן אַ וועג, וואָס לויפט פאַרביי אַ פעלד,
וואו פויערים מיט געזונטע, בראָנזענע הענט
אַקערן ערד מיט זוניקע שטראַלן צעהעלט,
שוואַרצע שטיקער צעאַקערטע ערד
הערן זיך צו צום היימישן ליד,
וואָס איז אי פריידיק, אי גרינג.

היימיש לויפט אַ וועג אויף אַ זומערדיקן שליאַך,
נעמט מיין בענקשאַפט מיט צו דעם רויטן קאַרשן ברעג,
בויגט זיך אַרומער צו אַ מחיהדיק טייך,
שטילט איין זיין דאָרשט,
לויפט ווייטער אויף זיין פרוכט געיעג.

גייט אַזוי אַ וועג פאַמעלעך אין פאַרחלומטן שווייגן
צווישן שטאָנדיקע בליענדיקע צווייגן
אין אַ פרילינגדיקער שעה
און לאַדט איין אַ מידן גייער צו קילקייט און רו.

פאַרלוירן און פאַרבענקט
נאָך קאָליר, נאָך צווייגן —
דער וועג אין אַ מדבר געבוירן,
וואו קיין טראָט וויל ניט פאַרבלייבן.

אַ וועג וואָס איך קען ניט פאַרגעסן
איז מיט געזאַנג פון קאָרענע זאַנגען פאַרקלונגען,
מיט זומערדיקער פרייד פלאַטערן שמעטערלינגען
אויף צווייגן פון ציפּרעסן.
אַהין בענקען און בענקען מיינע טריט
נעם מיך מיט, נעם מיך מיט.

# אין פרישקייט פון ליד

פאַר יעדער וואונד וואָס האָט מיין מוט פאַרשלונגען,
פאַר יעדן שטראַל וואָס האָט אין אומגעריכטער טרייסט
געזונגען,

האָט א שטראָם מיט ריטם געגליט
פינקלדיק רויט אין מיין געמיט.
יעדער חלום וואָס איז אין קנאָספּ געבליבן פאַרשטילט
האָט זיך אין בענקשאפט געלייטערט און מיט פאַרב פון וואָרט
פאַרשפּילט.

פאַר דעם אמת וואָס איז מיר אַלע מאָל געשטאַנען אנטקעגן
איז מיין עלנט פאַרבליבן — מיין גרעסטער פאַרמעגן.
וויפיל מאָל כ׳בין מיט שיינקייט פון צער געקרייצט,
אַזוי פיל פאַרמעסט האָט מיך זים אזוי גערייצט.
וואָס מער פאַרטרוימטקייט שטרענגע וואָר האָט באזיגט,
אַלץ מער האָפנונג האָב איך אין פרישקייט פון ליד פאַרוויגט.
וואָס מער איך האָב מיין גורל דערקענט און מיט בענקשאפט
געהיילט,
אַלץ מער וואונדער-מעשות האָב איך זיך אליין דערציילט.

## צום טאַטן

אין לויטערן געמיט
גייט אויף מיין געדענקען
ס׳ליכטיקע געשטאַלט פון מיין טאַטן:
די אויגן סאַמעטענע און טיף פאַרטרוילעך,
די באָרד אַן ערלעכע שוואַרצלעך-גרוילעך,
דער יחוס פון זיין שטאַם האָט געגליט
אין זיינע דינע ביינער,
און אין שטעטל איז ער געווען איינער.

איך קען ניט פאַרגעסן
ווי אַזוי מיין טאַטנס ערב שבתדיקער שיר-השירים
האָט מיט זיסקייט אין דער שטילקייט אַריינגעקלונגען,
ס׳פלעגט זיך אויף זיינע ברעמען
אַ זיידענע איידלקייט פאַרציען,
זיין זינגענדיק האַרץ
האָט אין מיר דורך און דורך געדרונגען
און עפּעס אין מיין געמיט אויף אַלע מאָל פאַרשפּונען,
פון זיינע בגדים אַטלעס שוואַרץ
האָט אַזאַ פייערלעכקייט אַרויסגעפּלאַטערט,
אַז אַ ליכטיקייט האָט אין יעדן ווינקל גענומען בליען.

ס׳איז שטראַליק צו דערמאָנען דעם ריטואַל פון הבדלה:
דער זילבערנער כוס האָט געציטערט אין זיינע הענט,
דער וויין אויפ׳ן טעלער האָט געברענט,
ער האָט געטונקען זיינע אויסגעאיידלטע פינגער
אין די פלאַמען פון בלוי און רויט
און אַ טיפּן בטחון
האָט ער באַהאַלטן אין זיין האַרץ
אויף אַ פולער וואָך.

# צו מיין זון פון צוואנציק יאָר

ווען איך קוק אין דיין פּראָפיל דעם צארטן,
וואָס איז מיר אַזוי טייער
און דערזע וואָס דאָרטן ליגט באַהאַלטן —
ווייזט זיך מיר אויס אַז דו האָסט מיין האַרץ צעשפּאלטן
און פון דאָרט פאַר זיך אַרויסגענומען מיין פייער.
און עפּעס לויכט אויף אין מיין געמיט —
צו זען ווי איך ווער נאָכאמאָל אין דיר צעבליט.
עס איז אין דיר מיין שטאָלצער גייסט פאַרצווייגט,
אַזוי ווי דיין בליק וואָס איז פאַרטראַכט אין שווייגן
און א גורל א שווערן טראָגסטו שוין צו צוואנציק יאָר,
אַזוי ווי דו טראָגסט מיינע קאפּריזן אין דיינע געקרויזטע האָר.
ס'ציען מיינע רעיונות אַוועק ווייט צו מיינע קינדער יאָרן
און איך קלער: אויב דיר איז אַזאַ לאָסט באַשערט ווי מיינע
וואָס איז צו מיר אין דער קינדהייט געקומען,
אַזא אונרו האָט אין מיר געלעבט, וואָס האָט מיר שטענדיק געמאטערט
אויך אין דיר אַזוינס פלאַטערט.
אָן אָפּשיין פון דעם, וואָס האָט בא מיר אין האַרץ געשלאָגן
האָט צו דיר זיך איבערגעטראָגן,
און וואָס מיין גורל האָט אויף אַלע מאָל אין מיר פאַרזיגלט
איז אין דיר איצט אפּגעשפּיגלט.

# אַרום דער וואָלגאַ

— פּ — לן.

איך זאָג אַמאָל אַזוי צו מײַנעם אַ גוטן ברודער,
װעמענס חברשאַפֿט כ׳האָב אָפֿט מאָל פֿאַרשפּינט אין מײַנע לידער:

„וואו האָסטו גענומען אַזאַ פּנים,
מיט שטורעם, מיט ווינט,
מיט פֿאַרטרויִמטקייט פֿון אַ קינד.״

האָט ער דערציילט און איך האָב פֿאַרצייכנט.

ווען איך בין אַ אינגל געווען אין דערהיים,
האָב איך געוואוינט לעבן אַ ברייטן טײַך,
אָפֿטמאָל אין די פֿרימאָרגנס
פֿלעגט דער טײַך צו מיר שעפּטשען
מיט פֿאַרכישופֿטן רוף.
גלײַך האָבן מײַנע טריט געטאַנצט איבערן שליאַך
און מיך געבראַכט צו דעם וואָלגאַ־טײַך —
פֿון מײַנע קינדערשע יאָרן דער טײַך,
וואָס האָט זיך אַרײַנגעגנבֿט צו מיר דורך ווענט, דורך דאַך.
דאָרט וואו ס׳האָט מיט פֿיש־פֿאַנג געשטורעמט,
וואו די בורלאַקעס האָבן זייער „אוכניעם״
ווי אַ פֿיש־נעץ אין די טיפֿן פֿאַרוואָרפֿן
ווען זיי האָבן די שווערע באַרזשעס מיט שטריק געשלעפּט
און קראַפּט און רעוואָלט
און בורלאַצקן געזאַנג דאָרט פֿאַרוועבט.

מיט מיין אומרו אין מיר
בין איך דעם שטורם פון דער וואָלגא נאָכגעלאָפן
דורך בארג און וואַלד און טאָל.
אָפטמאָל
האָב איך אין די שטורמדיקע וואסערן
מיט די כוואליעס זיך געראנגלט.
און אמאָל שווימענדיק
צווישן ווייסע שטילע וואסערן
צו די טיפן זיך פאַרטרויט,
די קראַפט פון מיינע אָרעמס געמאָסטן,
מיט דער ברייטקייט פון וואָלגא זיך פאַרמאָסטן.

— — — — — — — — —

דער הלום פון דער ברייטער וואָלגא,
קראַפט און רעוואָלט פון בורלאצקן געזאַנג,
שטורמדיקער פיש־פאַנג —
אפשר האָבן זיי אין דיר פאַרשפּינט
דעם טרוים, דעם שטורם, דעם ווינט.

# באַ דיר, קאַליפאָרניע

באַ דיר, קאַליפאָרניע,
אין די גאָלדענע טעג געווירצט מיט מאַראַנצן בליטן,
פאַרכישופט אין דיין זוניקייט
האָב איך מיין וואָר אָפּגעחלומט.

אַלץ וואָס באַ דיר האָט מיט מיר געשען
ווי מיין גורל געווען איז אַזוי פאַטאַל,
יעדער צער איז דערלייזט געוואָרן אין אַ טיפן זין,
דורכגעלייטערט מיט דיינע זוניקע שטראַלן
און מיט אַ נייעם בטחון.

באַ דיר, קאַליפאָרניע,
האָב איך מיין עלנט מיט פערזן געהיילט
און ביז כ׳האָב געהאַט די זכיה,
אַז מיינע חלומות זאָלן זיך פילע מאָל אנצינדן
און אַזויפיל מאָל פאַרלאָשן ווערן —
זענען קניטשן רייף געוואָרן אויף מיין שטערן.

מיינע אָרעמס בויגן זיך אַרונטער ווי סעפּטעמבער צווייגן,
נאָר איך ווער ניט מיד צו חלומען.
אויף די וועגן צו דיינע קרעפּטיקע פעלזן
האָב איך מיין גלייכגעוויכט געפּרואווט,
מיין אינערלעכער געראנגל
האָט זיך מיט רויש פון אַלטע דעמבעס געקרעפּטיקט,
צווויט פון דיינע שווערע פרוכטן
דיינע דינסטע פּארפיומען
האָבן אויף מיר געהויכט מיט חלומות.

דיינע פּאַלמען צעבלעטערט שטרענג
האָבן אין מיר טיף געדולד פּאַרזייט,
געזאַנג פון דיין נאָדל־בוים
האָט מיין וועג מיט ריטם פּאַרשפּרייט,
דער קעניגרייך פון דיינע קווייטן
האָט אין מיר אַ רעגונג צעגליט,
צו כישוף פון פּאַרבן
און א ליבשאַפט צו געזאַנג האָט אין מיר אויפגעבליט.

מיין זון האָב איך בא דיר געבוירן און אויסגעכאָוועט —
לויערט איבער אים באַרוישונג פון פּאַרבן
געירשנט פון זיין מאַמען.

ער גייט אַרום פֿאַרכישופֿט פֿון דיינע פּאַנאָראַמעס,
זיין גייסט איז שטאָלץ ווי בײַ זיין שטאַם,
שלאַנק איז ער ווי דיין אייקאַליפּט,
און מיסטיש
ווי דיין פֿאַרמאַכטער לילאַ טולפּאַן,
ער טוט מיר וויי ווי מיינע צעריסענע חלומות
און ער איז מיין צערטלעכסטע פֿרייד וואָס איך פֿאַרמאָג.

מיין לעבן האָב איך בײַ דיר אָפּגעחלומט,
קאַליפֿאָרניאַ,
און פֿיל זיך נאָך אַלץ ניט אין דערהיים בײַ דיר,
כאָטש דער דאַך איז מיינער
און די ווענט די פֿיר
דער אָלעאַנדער בוים
וואָס כ'האָב געפּלאַנצט בײַ מיין טיר.

נאָר איך וועל שוין אפֿשר היימישער אין ערגעץ ניט זיין.
ניט דאָ,
ניט אין קיין אַנדער אָרט —
אַזוי לאַנג ווי איך האָב מיינע חלומות ניט געבראַכט
ביז צו זייערע לעצטע טריט.
און אפֿשר איז מיר היימיש יעדער אָרט,
וואו ס'גייט אויף דאָס ערשטע וואָרט
צו דער ערשטער שורה פֿון אַ ליד.

## פון אַ בריוו

. . . צי איז עס א זשעסט א בראַוועדער
צי ווילסטו פאַראַנקערן יסורים מיט דיין אליינקייט,
וואָס אַזוינס באַדייט דיין פאַרנייגונג?
אפשר היטסטו מיט דיין איינזאַמקייט
די אויסגעצערטלטע הלומות דיינע
זיי זאָלן ניט באַליידיקט ווערן פון שאַרפער וואָר?

דו מיט דיינע אויגן,
וואָס טראָגן דעם קאָליר פון ניט־פאַרגעס־מיך,
דער גייסט וואָס פלאַטערט דורך דיין בלאַסן פּנים פאַרטראַכט,
דיין וואָרט וואָס איז צוריקגעהאַלטן,
ווי א פויגל
וואָס איז ערגעץ אין א נעסט פאַרבאַהאַלטן.

איך הער די רייד וואָס גייען ניט אַראָפּ פון דיינע ליפּן,
איך זע דעם בין השמשות,
וואָס האלט אין איין צופּן דיין האַרץ און צופּן,
איך זע דיך אין דיין שטילן צימער,
וואו דו ביזט אומבאַשטימט באַשטימט
צו היטן דיינע קאַפּריזן —
שטייסטו איבער זיך אַליין ווי אַ שטרענגער וועכטער,
איך הער די תּפילה פון דיין האַרצן,
איך הער דיין צעברעקלטן געלעכטער,
די זיסע בענקשאַפט אין דיין שטים,
וואָס איז דורכזיכטיק און געהיים
אין דעם פאַרכישופטן ווינקל פון דיין היים.
דאָס ליד וואָס דו וויקלסט איין אין בלומען
איך זע
ווי אַזוי דו פאַרוואַנדלסט אין גאָלד אַ זומערדיגע זאַנג,
ווי דו דערהערסט פון פאַרוואָלקנטן וויי
דעם דינסטן קלאַנג.

איך זע
ווי שווער ס׳איז דיר איבערצוטראָגן
דעם נצחון וואָס ברענט אין דיינע קאַפּריזן,
איך הער די טרער
וואָס קיינער דערהערט ניט
ווען דו ביזט אין אַ ווינקל איין אַליין פאַרשלאָגן.

## ליד פון עלנט

אין פענסטער קוקט אריין א שטיק פארנאכט,
ס׳קלאפט אין טיר דער רעגן אזוי אינטים,
אין דרויסן שושקען זיך די אַלעאנדער צווייגן
און ברעכן איבער מיין שווער-געוואָרענעם שווייגן.
אין מיין זכרון הער איך דיין שטים,
וואָס שמעקט מיט מיטגעפיל
און דורכזיכטיקן בטחון.

פון ערגעץ ווייט קומט אהער
שארפער נצחון
דורך טענער טיף
פון „וואלם טריסט״,
די שעהן טריפן שווער, די שעהן טריפן העל,
איך לעז נאָכאמאָל דיין בריוו,
וואו דו זאָגסט: דיך פארדריסט
אויף מיין עלנט.

איך זע א ווארעם פארבן-שפיל אין דיינע מילדע אויגן,
דיינע אקסלען האלב געבויגן,
דיין שטערן איינגעטונקען אין א געדאנק א שווערן,
איך הער ווי ס׳ברעכט דיין הארץ
בא דער מחשבה: עלנט
און איך קלער:
אז נאָר אין איינזאמקייט
בליען מיינע סתירות אזוי העל
און אזוי פייערלעך,
פון שווערן טרויער שפראָצט ארוים א טיפער שטאָלץ
און שטעלט זיך אויף דער לויער —
צו באשיצן

און צו פירן אויף אַ וועג אַ שווערן,
וואָס איז ווי דער אמת פול מיט דערנער
און ווי אַ רעגן־בויגן שיין,
נאָר אין עלנט
ווערן מיט לויכטנדיקע אותיות פאַרצייכנט
די טיפסטע קרייזיסן אויף מיין נשמה
און דער דינסטער פלאַטער פון נצחון,
אמתן ווערן אין דער שטיל געבוירן
און עפּעס שטייגט ביז לויטערן בטחון.

נאָר אין איינזאַמקייט
שפּרייטן זיך די קנייטשן אויף מיין שטערן,
הארבסטיקן די האָר מיינע אין זילבער און אין ווירדע,
איך לייג צו מיין פּנים צו דער ערד
און אינטימער ווער איך מיט אַלץ, וואָס מיר איז באַשערט.

נאָר אין שטילן עלנט
גייט אויף אַ כּוח אין מיין געוויסן —
צו וויסן,
ווען אַלע חלומות וועלן ליגן צעריסן,
וועלן נאָך אַלץ בלייבן
מיינע אומגליקלעכע־גליקלעכע אוצרות —
באַהאַלטענער צער
און עלנט.

## ערגעץ ווייט

ערגעץ ווייט גייט אַוועק אַ שיף
אפשר מיט מורא, אפשר מיט דרייסט
אין טיפע, שטרענגע וואַסערן לויערן געפאַרן פון פיינט —
איז מיר די ווייט נעענטער ווי אַלע נאָענטע וועגן,
מאַטערט מיך דער ערגעץ ביז ווייטיק.
די שיף וויגט זיך אין מיין געוויסן
אויף פלאַטערדיקע פעדים פון יאוש און טרייסט,
זי פירט מיין איינציק קינד —
איך ווייס ניט צו וועלכע סכנהדיקע ברעגן.

אין יעדן ווינט הער איך דאָס ווירבלדיקע לשון
און איך זע יעדן צוק פון מיין קינדס גלידער.
נעם איך ליכטיקן גלויבן אין האַרצן,
אַנגעשוואָלענע יסורים פון פאַרווייטיקדיקע מאַמעס,
כ׳גיי אַוועק אין גאָטס וועגן
און ברענג פאַר גאָט מיין געבעט
מיט שטאַמלענדיקן וואָרט —
אַז ס׳זאָל מיין האָפנונג ניט ווערן אויסגעלאָשן,
אַז ער זאָל רחמים אָנווענדן
אויף צו באַשיצן אַלע קינדער אויף שלאַכטפעלד,
אויף שיפן,
וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט
אויף סכנהדיקע ווייטע שטרעקן.

ס'טראָגן זיך אַוועק מיינע תפילות
פון מאמע צו קינד,
צו וואסערן, צו ווינט,
צו פעלדער פון שחיטות גרויזאַמע שווערע,
אַז זיי זאָלן פאַרהיטן מיין ציטערדיקן שטאם
און מיין קינד צווישן זיי,
אַז דאָס ברעקעלע טרייסט,
וואָס איז אין אלע מאמעשע הערצער באהאלטן,
זאָל ניט פארשטערט ווערן.

# אויף היימישע סטעפּעס פּאָדאָליער

אויף היימישע סטעפּעס פּאָדאָליער,
אונטער ליכטיקע הימלען פון מאַי,
לויפט א וועג פון אַ דאָרף אין אַ שטעטל,
פּאָרן פורן פארהלומט פאַרביי.

פון זומערדיק ווארימער נאַכט
שיילט זיך אַרויס דער באַגינען מיט בלוילעכן גאַנג,
פון זאַנגען רויש און פויערשער פרייד
ציט זיך א ווייטער געזאַנג.

אויף די פורן פולע זעקלעך מיט ווייץ,
ווייסע דריי גענדז אין דער מיט,
קירבעסן קוקן צייטיק מיט רייץ,
פּאָרן פויערים אויפן יאַריד.

אַ ווייס שטיבל ביים וועג מיט שטרויענעם דאַך,
פריינדלעכע בענק מיט געלן געשמירט,
פענסטערלעך מיט וואָרקענדע טויבן באַצירט,
און שטאַכעטן פון גאָרטן צום שליאַך.

פאַרטראַכטע הערנער און גלויביקע אויגן
שלעפּן זיך אָקסן צום שניט,
פאָרן פורן פאַרביי, פאָרן פורן פאַריי,
פּאָרן פויערים אויפן יאַריד.

# מאַראַנצן

(אַ מתנה א. גלאַנץ-לעיעלעסן)

אַנהויב פרילינג,
צי זומער שפּעט —
שמעקט מיט מאַראַנצן צוויט
מאַגנעטיש זים.

אין טאָל שטייען מאַראַנצן-גערטנער מיט צוזאָג אויף זעט
אָנגעלאָדענע מיט האָניג, מיט זון אוצרות —
שטרעקן די ביימלאך זייערע דינע צווייגן —
היימישע פאַרברידערטע,
מיט פייגל-געזאַנג פאַרלידערטע,
זיי באָקן זיך אין רחבת'דיגן פלאַם פון זון
און שטאַרקן זיך צו טראָגן די לאַסט פון גאָלד.

נאָענט צו דער ערד
שטראַלן אויף מאַראַנצן מיט גאָלדענע געזיכטער,
פאַר דעם אומגליקלאַכן ווי פאַר דעם געבענטשטן,
פאַר דער פלייסיגקייט פון בין,
פאַר דעם פלירט פון שמעטערלינג,
פאַר דעם עקזאָלטירטן דיכטער
פאַר דעם ליד — דעם ציטערלינג
פון ווייטע, פון נאָענטע ארומען
זאָלן קומען אַלע, אַלע
נעמען, נעמען, נעמען.

מיט גרין און בראָנז פלאַטערן די בלעטער,
צאַרטקייט פון סאַמעטענע קנאָספּן
האַלב פאַרמאַכטע
פלעכטן זיך אין גירלאַנדן אוים —
פאַר דעם סימבאָל פון אומשולד
בײַ צנועה'דיקע כלות.

אין די הויכן
שטייען שטיינערנע פעלזן עקזאַלטירטע
די קעפּ פאַריסן אין שטאָלצן שוואונג —
גלייך זיי איז באַשערט
צו באַשיצן דאָס גרעסטע גליק אויף דער ערד:
קאַליפאָרניע.
אין שוים פון מדבר פאַרשפּינט
זי פריידיגט און גאָלדיגט און גרינט.

דאָ אויף דעם אָרט —
וואו כ'האָב געהאַט די זכיה צו זוכן אַ דורכזיכטיג וואָרט
זאָלן די געטער פאַרנעמען מיין דאַנק
פאַר דעם וואונדערלאַכן געשאַנק
אין אַ שאָטן
פון מיינס אַ וואָרט, וואָס איז נאָך אפשר ניט געראָטן.

# ב ע ז

פאַרוואָס האָט נאָך קיין בלום
אין מיר ניט אויפגעפלאַטערט
מיט אַזויפיל דינעם לויער
ווי דו?

פאַר׳חלומ׳ט אין אַ בלאָ-גרויען מאַט
וועקסטו אין מיר אַ טיפע בענקשאַפט
מיט דיין מעלאַנכאָלישן שכור׳לאַכן אַראָמאַט.

אין וויאַלעט פאַרוויקלט מיסטעריעז —
שטייסטו פאַרדרימעלט,
שלאַנק און גראַציעז.

דיין בליהונג —
סעגעלדיגע הערצעלאַך
חנב׳דיג, פיקאַנט,
קוקן אויף מיר אַזוי היימיש און ווארעם
און פאַרבונדן זייער קורצן לעבן
מיטן געוועב —
פון מיינע פאַרגאַנגענע סעפטעמבערם
מיטן מאַיהאָווע היינט.

ניט איינמאָל
האָט, דורך דיינס אַ שטיינגל,
צו אַ קראַנקן בעט געבראַכט,
אין אַ פיבערדיקן טראַנס,
פֿאַר עמיצן
דאָס פּשוטע וואָרט געטריישאַפֿט
געבליהט מיט אַ טיפערן נואַנס.

דעם פּראַכט פֿון דיינע אוזאָרן
ניט איינמאָל האָבן דיכטער
באַדעקט מיט גלאָררייכן ציטער.
זייער וויזיע
האָט קוקענדיק אויף דיר
ניט איינמאָל אויסגעטאָן פֿון זיך די ניכטערקייט.

מיין ליבלינג, בעז!
ס'איז דיר באַשערט
צו מיינע נארונגען, צו מיינע גאַרונגען
אָנקניפּן אַ וועג,
צו מיינע קאַפּריזנע טריט אויף דער ערד.

ווי וואָלט איך וועלן אין מיין לעצטן טאָג
זיך אַזוי פֿאַרשטיקן
אין דיינע בונטע צווייגן
אין דיין טונקעלן בלומען־שיין אויסגיין אָן אָנטציקטע
און אויף הייביג צוזאַמען מיט דיין אָטעם
שווייגן, שווייגן.

## מאַגנאָליע

סיי אין הייסן אווגוסט,
סיי אין אָנגעכמורעטן דעצעמבער,
איז מאַגנאָליע בוים
אַן אויסגעצירטער, אַ צעהעלטער,
אין ווייסע בלומען.
צאַרט ווי האָפענונג,
וואָס רייצט דעם איצט פאַרן שפּעטער —
זענען ווייסע סאַמעטענע בלעטער.
שטייט דער בוים ווי אין טויבן אַ פאַרטרוימטער.
כ'דאַנק דיר גאָט,
וואָס האָסט באַשאַפן אַזוינע ביימער.

## פיאַלקעס

די פיאַלקעס
האָבן פאַרנומען דעם אָנפאַל פון ווינט,
דעם באַריר פון נאַכט,
די סודות פון פויגלען —
און דאָס אַלץ אין אַ חלום פאַרשפּינט.
ווען באַגינען האָט די נאַכט צעווייערט,
האָט דער חלום אַרויפגעקלעטערט צו אַ פעלז
און זיין האַלדז אַרומגעוויקעלט
מיט אַ ווייסן וויאַלעטן שלייער.

## פּאַפּים

יאָ פּאַרזייט,
צי ניט פּאַרזייט —
וואַקסט די ווילדע פּאַפּי
דער תּושב פון שטאַט —
פיר גאָלדענע בלעטעלאַך
אין זיידענעם מאַט.
זעהסט —
אויף זוניקע וועגן
היט די בלום די פעלדער ברעגן,
פלאַטערט, נויגט זיך צו דער זון
און שמייכלט צו די קאַליפאָרניער געסט.
אונטער דעם בינען געווימל
דרימעלט זי, דרימעלט,
אין חלום זעהט זי דעם שכן פון מעקסיקאָ,
וואָס קלייבט אין פעלד די קוקורוזן אָן,
דערנאָך זיצט ער אַן אָנגעגאָסענער מיט שלאָף
אין גליענדיקער זון.

# מאַראַנצן

אַ גאַנץ יאָר צייטיקן מאַראַנצן
אין זון צעגליטער
מיט פּרוכט און צווייט.
די בליהונג האָט אַ זיסן אַראָמאַט
פֿאַדיען טרובאַדורן בינען
מיט גאָלדענעם געזאַנג.

אין קאַליפֿאָרניע
טרינקט מען אינדערפֿרי מאַראַנצן געטראַנק.

## אָוונט אין דאָרף

מיט בלויקייט, מיט שלום,
קומט אָן דער ערשטער שאָטן פון אָוונט,
שפרייט זיך ווייט און נאָענט.

וועגן לאנגע אויסגעחלומטע
קומען מיט דאָרפישער שטילקייט אנטקעגן,
פאַרשפינען אין שפורן פון אונדזערע טריט
זייער בענקען נאָך רעגן.

דיין אויגן־שיין גייט אויף מיט מילדקייט,
דו רופסט מיין נאָמען אָן מיט שטילקייט,
אין מיין געמיט ווערט א רואיקייט פאַרשפרייט
דער טאָג פאַרגייט —
אויף די באַרג שפיצן,
אויף די העלדזער פון פורפורנע פעלזן
פאַלט דער אָוונט.

א פרעמדער וועג ווערט נאָענט,
שאַרט זיך צו אונדזערע טריט
מיט היימלעכן געמיט.

זע,
א שטילע אלייע, וואָס לויפט זיגזאגיש
האָט אויף אונדז דאָ אָפּגעוואַרט;
אירע טאפאלן קוקן פאַרבענקט —
די קעפּ אהין געבויגן,
וואו ז׳ער אלול האָט די פייגל אָוועקגעצויגן,
בענקען און וואַרטן — שושקען טאפאל בלעטער מאַגיש.

ווייטן ווערן נאָענט,
ס׳פּאַרזאמט זיך אויף פליגל פון גרויע טויבן
דאָס לעצטע ביסל ראָז פון ערב־אָוונט.

אזא שפּע אטעמט אַרוים פון פעלד,
וואו בונטע טרויבן רייצן מיט זייער זאפטיקייט.
און אָסיענגאָרטן אָטעמט מיט זעט,
רייפע פּירות רייצן מיט רויט און גרין,
א בארנבוים איז פאַרפלאָנטערט
אין סך־הכל פון פרוכטיקן זין
און אין צייטיקייט געשפּין.
אויף דעם אפריקאָסן בוים
וויגט זיך א צווייג,
טוט איר פרוכט צו ערד א וואָרף
און רירט אָן די שטילקייט פון דאָרף.

# האַרבסטיקער וואַלד

דער ערשטער,
וואָס האָט אין וואַלד אָנגעזאָגט פון האַרבסט
איז געווען אַ זייַדענער שאָרך
פון פאַרוועלקטע געלע בלעטער.
פון פרי ביז אָוונט
האָבן זיך בלעטער פון צווייַג געשאָטן,
עפּעס געשעפּטשעט,
געפאַלן צו ערד,
געדרייטלט זיך צווישן זון און שאָטן
און צום ווינט זיך צוגעהערט.

אַלע צוזאַמען
זענען געשטאַנען די שטאָלצע ביימער,
האַלב געשוישקעט, האַלב געדרימלט,
מיט עקשנות און מיט בענקשאַפט
אַרויפגעקוקט צום הימל.

א ווינט איז געקומען מיט שטורם
און דעם גאַנצן זומערדיקן אוצר צוגענומען,
ער האָט די ביימער געשטויסן, געשטויסן,
מיט די נאַקעטע צווייגן זיך געשלאָגן, געשלאָגן
ביז די געלע בלעטער
האָבן זיך געלאָזט דעם ווינט דעריאָגן.

די ביימער זענען געבליבן שטיין מונטער
אויף דעם זעלבן אָרט,
מיט די בליקן זיך געצויגן
צו די וואַרעמע לענדער
אַהין,
וואו די פויגל זענען פאַרפלויגן,
און געוואַרט
אויף דעם טיפן ווינטער.

## פירות אויף מיין טיש

א קאַלטער אַראַנדזש
ליגט פאַרבאָרגן אין זיין שווייגן —
ניט אַרויסצוצייגן,
אַז ער האָט דאָס געגאַר
פון דריי נאַיווע פייגן,
וואָס האָבן זיך אַזוי ליבלעך צוגעטוילעט
און פאַרזונקען אין זיין אַראָמאַט.
אין א ראָזן מאַט
צוויי שמייכלענדיקע באַרן
האָבן אַזוי דרייסט געשטיפט
מיט די לוסטיקע פלוימען,
וואָס גלאָצן אַזוי ווייך און זאַט
ביז די פלוימען האָבן זיך פאַרשעמט
און פאַרויטלט געוואָרן.
די שטילקייט אַרום האָט אנגעשטרענגט איר אויער
און הערט זיך צו צום לויער
פון די זאַפטיקע אַפּריקאָסן.
צוויי שטיינגלעך טרויבן,
גרין און פיאָלעט,
האָבן זיך אַזוי איינגעשפּאַרט פאַרוועט
און ליגן אַזוי צוזאַגנדיק און שטיל,
ווי געהיימע עדות
אויפן סוד פון אַלע סודות.

# נאַכט-בלום

(צו ב. און ח. שאַפּיראָ)

ווען גאָרטן איז מיט טאָג-זון אנגעצונדן
און אַלע בלומען אַרום צעלויכטענע און אָפן
ווייען מיט פּאַרפום
און שטאַרקן זיך מיט האָפן
און פרייען זיך מיט צוזאָג אויף נאָך אַ טאָג —
ליגט די נאַכט-בלום פאַרחלשט אויפן צווייג,
אין זיך פאַרמאַכט,
חלומט און שווייגט, חלומט און שווייגט.
און וואָס הייסער די זון ברייט,
אַלץ טיפער ווערט די בלום אין זיך אַליין פאַרשלאָסן,
ווי גלייך זי וואָלט דעם גרעסטן סוד געהיט,
און מיט בלום-בטחון וואַרט זי און וואַרט אויף דער נאַכט.

ווען מערב-זייט לעשט זיך אויס —
ווערט דער אָטעם בא דער נאַכט-בלום איינגעהאלטן,
זי ציטערט און וואַרט, ציטערט און וואַרט.
און ווען דער פאַרנאַכט לאָזט זיך אַרונטער
ווערט זי מונטער,
פאַמעלעך, פאַמעלעך טוט זי זיך אַ צועפן,
אַנטפּלעקט זיך אַזוי ווייך און צאַרט;
און פרײדיק ווי דערגרייכטער שלום,
ציט זי דעם פאַרנאַכט
צו זיך מיט אראָמאַט אין זיידענעם מאַט;
קום, דערקאָן, לייז אויס מיין ווייכן חלום.
ס'שמעקט מיט נס
אין טונקעלער שעה —
אַ בלויע נאַכט מיט ווייסער בלום
ווערן באַשוועסטערט . . .

## „מאַלבערי בוש"

אַרום דרימלענדיקע צווייגן
אונטער אַ מאַלבערי בוים
וויגט זיך אַ יונג־פּאָר אין שעלמישן שווייגן.

געהערן — אומגעהערן,
געהערן — אומגעהערן —
זיי הערן דאָס פלייצן פון דינע באַגערן.

זיי טרינקען צוזאַמען
זונפאַרגאַנג,
פאַרקלערט אין פּורפּור פלאַמען
קעגן שטילן שושקען פון זאַנג.

עפּעס פאַרשווינדט און עפּעס טוט וויי,
חלומות מישן זיך מיט וואר.
אי גרינג, אי שווער
אָטעמען זיי איין דעם מאַי
דורך אַראָמאַט פון אָפּגעשניטן היי.

ס'צינט זיך אָן אַ שטערן.
דאָס פאַרנאַכטיק בלוי שלינגט איין דאָס שטילע רויט
פון שלאַנקן מאַן וואָס האַלט אין ווערן.

די אַלפּאַלפּאַ גראָזן
וויגן זיך אין גרינעם פלאַטער
און וועקן אַלץ וואָס ניט דערגרייכט
צום שאַרפן גרייכן.

ס'שיכורט דער ווינט מיט צוויט אין די בלעטער.
צוויי יונגע קעפּ טראַכטן:
ווי אַזוי קען מען דעם איצט
פאַרבאַהאַלטן אויף שפּעטער.

## פּאַטום

א גרינער היישעריק
האָט שטייף אַרומגעכאַפּט א שלאַנקן מאָן
און אַריינגעטיפּט זיין בענקשאַפט אין רויטער גלוט.
דער מאָן האָט דעם קאָפּ אויפן זייט א וואָרף געטאָן,
געחלשט און אָפּגעגאַנגען מיט בלוט.

א קלעטער פלאַנץ
האָט מיט ווייסע בלימלעך זיך פאַרקליידט
און פאַרפלאָכטן זיך אַרום דעם האַלדז פון נאָדל בוים,
וועלכער האָט שוין לאַנג אַזוינס געטרוימט,
די נאָדלען פון בוים האָבן געפלאַטערט פאַר פרייד.

אַ שטראַל פון פרימאָרגן זון
האָט זיך געשלייכט פון בלום צו בלום,
ביז ער איז צו צום ראָזן קנאָספּ,
וואָס האָט זיך פאַר פרייד פון שטראַליקן קומען
צעעפנט.

אויף א פייגן בוים
איז געקומען צעפליען א פויגל,
אויסגעזונגען זיין טרוים,
א בליק געוואָרפן צו א רייפער פייג און אַוועקגעפלויגן.
האָט זיך די פייג צום פויגל געצויגן, געצויגן,
גענומען זיך צום האַרץ, געבענקט,
אַלץ מער געוואָרן אָפּגעצערט —
ביז דאָס לעבן איז אַזוי געוואָרן איר פאַרשטערט.

# אין וואַלד מיט דיר

(צו זאהאווא'ן)

גערענקסט דעם וועג
אויף בלעטערדיקן שטעג?

דער פרימאָרגן האָט מיט ווארעמער ליכט געקוואלט
און באַלד
זענען מיר אריין אין פאַרחלומטן אָפענעם וואַלד,
וואָס איז געשטאנען טיף פאַרכישופט מיט הארבסט.
אין דיין שטים האָט געריזלט א פּאַרטייעט בענקען,
דו האָסט דערציילט פון עפּעס אַזוינס
וואָס איז אַי אַי ווייטיקדיק אַי ליב צו געדענקען.
איך האָב געהערט, געשוויגן און געטראַכט,
אז א מענטש קען פון זיך אַליין ניט אנטרינען
און אַז ס'נעמט אמאָל א גאַנצן לעבן לאַנג,
ביז מען קען דעם וועג צו זיך אַליין געפינען.

דיינע פאַרלאַנגען האָבן געברענט מיט רייץ פון סכנה
און שטראַליק האָט דער וואַלד גערוישט אויף דיין פּנים.
ברוינע שישקעס
האָט אונדז אַרונטערגעוואָרפן דער פיכטן בוים,
מיט ווילדן האָניק האָט דער ווינט געשמעקט.
דער נאָדל-בוים האָט איבער אונדזערע קעפ
א שאָטן דורך צווייגן צו אונדז געשטרעקט.
בא יעדן פוס פון בוים א הורבע בלעטער
האָט געברוינט פאַרטראַכט —
דער קרבן,
וואָס די ביימער אין וואַלד האָבן צום הארבסט געבראַכט.

ווי אַ וואַלד־מיידל האָסטו אויסגעקוקט
דער וואַלד האָט אונדז אָנגעקוקט מיט אַ פּנים פון פרייד.
ווען מיר האָבן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל
זיך איבערגשריגן מיט דער שטילקייט.

דערשראָקענע קלאַנגען
האָבן אונדז איבערגעקרימט מיט אַ ווידערקול.

פּלוצלינג
האָט אַ פויגל פון אַ בוים
גענומען זיך פלייסן מיט לידער.
מיט דיינע פאַרברוינטע גלידער
אין דיינע קאָלירטע קליידער,
האָסטו אויסגעקוקט ווי אַ טרוים.

שפּעטער זענען מיר געגאַנגען אין שטיבל צוריק —
האָט אונדז באַגעגנט אַן אַלטער דעמב,
ער האָט טגעברוינט אין זון
און אין רויטע בלעטער געברענט.

דו האָסט אַזוי רוישיק געשטיפט און געלאַכט,
דער דעמב האָט געענטפערט מיט בלעטערפאַל שפּראַך.
ס׳האָבן אונדז ביזן שוועל באַגלייט
דער האַרבסטיקער ברוינער שליאַך
און די וועווערקע מיט קאַשטאַנענער פרייד.

# פֿאַרנאַכט באַם ים

נאָך דעם ווי דאָס לעצטע רעשטל טאָג
האָט דעם האָריזאָנט אין רויטע פֿלאַמען צעפּעכערט,
זענען וואָלקנס אַנגעלאָפֿן
און דעם הימל אין אַ גרויען דרימל פֿאַרשלייערט.

דאָס ליד פֿון ווייטע וועגן,
פֿון זעט אויף קילער ערד אין אָפּקלאַנג פֿון רעגן,
דאָס ליד פֿון פֿעלד און וואַלד און בלום
האָבן די וואָלקנס אויסגעזונגען
אנטקעגן דעם זקן דעם ים,
וואָס האָט זיך איצט אפֿשר אין טיפֿן פֿאַרדרוס,
מיט זילבערנעם שוים
געטריבן, געטריבן,
און אויף דעם זעלבן אָרט געבליבן.

## „עראָהעד לייק"

א גאַנצן טאָג
שעפּטשעט עפּעס דער טייך
א וואָרט א ניטדערזאָגטס,
לאַסטשעט שפּילעוודיק דעם ברעג אַרום,
און קערט זיך צו די טיפן אום.

אמאָל פּליסט דער טייך אין זיך פאַרבאָרגן.
יעדן פרימאָרגן
איז מיט א חלום א שטילן זיין דויער באַנייט.
פאַרנאַכט קוקט ער אזוי גרוילעך
און טראַכט:
וואָס איז דער זין פון די שלאַנקע צעדער,
וואָס זענען באַשוואוירן פון גאָט און ערד
צו כשופן דאָ אַרום באַ מיין ברעג,
צו קוקן אויף מיר אַזוי פאַרטרוילעך,
און דאָך,
יעדער בוים באַזונדער
ווי א שטרענגער שומר היט מיין יעדן טראָט.

## צום באַרנבוים

מיך
פון געראַנגל, פון מעטשנן, פון לידער,
האָב איך געבלאָנקעט אין פרימאָרגן זוכן רו,
פאַרבייגעגאַנגען אַן אַסיענגאָרטן אין א שטילער שעה
און זיך דערפרייט, באַרנבוים, מיט דיר
ווי מיט א גוטן ברודער.
דיין מילדקייט, דיין שאָטנדיקע רו,
דיינע צייטיקע פּירות,
וואָס הענגען אַזוי חנ׳עוודיק אַרונטער,
דיין מונטערקייט האָב איך געבענטשט.

באַרנבוים,
איך ווייס ניט וואָס אַזוינס דו פילסט
איצט,
ווען דו שטייסט אַזוי אין צייטיקייט פאַרטראַכט,
ווען דיינע פרוכטן זענען געלאָדן מיט שטראַליקייט, מיט זעט,
און ציען זיך צום באָדן, צום זאָמען
פון וועלכן זיי זענען געקומען.

דיין גוף איז אין שפע פאַרטרונקען,
דו באַרוישסט
אי מיט וואָר, אי מיט חלום,
איצט שפּיר איך א קערנדיקן שלום,
און איך ווער אין דיין ליכטיקייט פאַרזונקען.

# כ׳האָב ליב אַ שטילן וועג

כ׳האָב ליב אַ שטילן וועג,
וואָס אַנטפּלעקט זיך ווי אַ סוד
אין שאָטנס פֿאַרנאַכטיקע פֿאַרשפּינט,
און וואוהין ער פֿירט ווייסט נאָר גאָט.

אין פֿאַרנאַכטיקן רויט
האָב איך ליב אַ וועג,
וואָס ציט זיך צו אַ פֿעלד ברייט און אָפֿן —
דאָרט צווישן שטאָלצע זאַנגען,
וואָס חלומען גערעטעניש אויף ברויט,
געפֿין איך אַ פֿרישקייט פֿאַר מיין טיפֿן האָפֿן.

אויף אַן איינזאַמען וועג
דורך וואַלדיקער שטילקייט —
דאָרט האָב איך ליב צו בלאָנדזשען
אין באַבלעטערטער קילקייט,
צוהערן זיך צום ליד,
וואָס ווינט וועקט אויף באַם דעמבענעם בוים
און צו מיינעם אַן אַלטן טרוים.

# אינהאַלט:

זייט



## מדבר



## אימפּרעסיעס

זייט

## שניט-צייט



## דינע פעדים

זייט

## קאַליפאָרניע



